# פאר אײך
# און אײערע קינדער



פערלאג „אידיש“ — ניו-יארק 1918.

No. 1

צו דעם וואס רופט זיך
ש. גרויש
פון דעם וואס רופט זיך
הערמאן גאלד

# הערמאן גאָלד

# אין וואלד

געצייכענט פון י. ליכטענשטיין

## שלמה המלך מיט דעם אינגעלע.

דער קלוגער קעניג שלמה איז איינמאָל געזעסען אין זיין וויינגאָרטען איינער אַליין. זעהט ער, פון אויבען לאָזט זיך אַרונטער דער אָדלער נידעריג און נידעריגער; צווישען זיינע פליגעל זיצט אַ אינגעלע, און אינגעלע האַלט אַ פרישע, פייכטע רויז, און אין רויז זיצט אַ ביהן, זינגט אַ ביהנגעזאַנג און זוּגט זיך נערונג.

עפענט שלמה המלך אויף ברייט זיינע אויגען, און ער זעהט די גאַנצע וועלט ביז אַרויף צו די הימלען, אָבער וואָס ער זעהט נעבען זיך, קען ער ניט פאַרשטעהן.

און דער אָדלער איז אַראָפּ אַזוי נידריג, ביז צום קעניגס פיס, און אינגעלע איז אַראָפּ מיט דער רויז און מיט דער ביהן, און די רויז האָט געהערט דאָס געזאַנג פון ביהן, און דער קעניג האָט געהערט וואָס אינגעלע האָט דערצעהלט: —

מיין ליעבער קעניג שלמה! דו ביזט עלטער פון מיר אין יאָהרען און קליגער פון מיר אין וויסען און פאַרשטאַנד, און איך בין אַלט אין גאַנצען אַכט יאָהר און וויל נאָך לעבען אַזוי פיל יאָהרען, ביז איך זאָל ניט קענען איבערצעהלען! מיין נאָמען איז בועז, און מיין פאָטער צפניה איז פון צידון; איז ער געפאָרען קיין צור מיט זיינע קעמלען מיט זייד און בשמים אויסצובייטען אויף גאָלד פון אופיר. איז ער געפאַנגען געוואָרען פון די כושים און פאַרקויפט געוואָרען פאַר אַ קנעכט.

ווען איך בין געבאָרען געוואָרען, איז מיין מו־טער געלעגען נעבען פענסטער און אַרויסגעקוקט, צי קומט ניט מיין פאָטער מיט זיינע קעמלען. דע־מאָלט איז געפאַלען אַ שווערער, האַרטער שניי, און אַלע וועגען זענען פאַרדעקט געווען און פאַרמעקט; אָבער איך האָב שוין געוואוסט מיין פאָטער, ווי ער וואָלט נעבען מיין בעט געשטאַנען.

איך בין נאָך אַזוי קליין, ווייס איך ניט, פון וואַנען די טעג קומען. אָבער אַלע מאָל, ווען איך בין פון שלאָף אויפגעשטאַנען, איז שוין געלעגען נעבען מיין פענסטער דער נייער טאָג מיט זיינע



און אינגעלע איז אראפּ מיט דער רויז, און דער קעניג האָט געהערט וואָס אינגעלע
האָט דערצעהלט.

בערג מיט ליכט איבער אונזער הויז און וויינגאָרטען, ביז דאָרט אַרויף, וואו מען זעהט דעם טייך חידקל לויפען. איך גלויב טאַקע, אַז פון דעם טייך קומען עס אַרויס די טעג, און דאָרטען פאַלען אויך אַריין די נעכט שפעט, ווען קיינער זעהט ניט. מיין מוטער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו שפיעלען זיך מיט מיר, וואָרים מיין פאָטער איז נאָך אַלץ ניט געקומען, און זי האָט שטענדיג אַרויסגעקוקט, צי ער געהט ניט מיט די קעמלען. פלעג איך אַרויפפאַלען אויף די ליכט שטראַלען אין מיין בעט און אין מיין הויז אויף דער ערד און שפיעלען זיך מיט מיין טאָג.

בין איך גרעסער געוואָרען, איז מיר מיין הויז קלענער געוואָרען, וואָרים טאָג און ליכט איז געלעגען ביז ווייטער פון מיין אויג. איך האָב אין גאָרטען אויך געטראָפען די בוימער מיט די גראָזען, און אויך די פייגעל, וואָס פליהען און שוועבען איבער מיר, ביז די שענע בלויע הימלען! פלעג איך אַלע מאָל אַריינלויפען צו מיין מוטער און פאַטשען מיט די הענטלאַך:

— דער פאָטער מיט די קעמלען! — דער פאָטער מיט די קעמלען!

— אַז איך זעה אַזוי ווייט !

אַפילו אין די גרעסטע שניי ווינטען, ווען פון אַלע הימלען ביז דאָרט אַרויף צו די וועלדער און פעלדער איבער'ן טייך זענען געפאַלען ווייסע, קאַלטע שטיקער שאָטענס ביז נאָך דער נאַכט און ביז אין טאָג אריין, אַפילו דעמאָלט האָב איך אויך גע־זעהן אַזוי ווייט ! וואָרים אין מיינע אויגען איז דאָ ליכט אויף אייביג, און מיין ליכט איז גרעסער פון דער וועלט !



## אינגעלע געהט אין וואַלד אַריין.

איינמאָל, ווען עס איז געקומען אַ נייער פריה־לינג צו אונז אין גאָרטען, איז מיין מוטער אויפגע־שטאַנען מונטער און פריש, ווי געוואַשען פון טוי, און מיר געשיקט אין וואַלד אַריין אויף די וועגען, צי קומט ניט אָן דער פאָטער מיט די קעמלען. איך בין געשפרונגען, ווי אַ הינד, און גאָרניט געזעהן די נעצען פון די נייע שטראַלען אויף אַלע מיינע וועגען, ווי איך פלאָנטער זיך אַזוי לייכט אַריין און אַזוי לייכטער אַרויס, און טענענבוימער ציהען זיך מיט גרויסקייט ביז הויך, וואו די ליכט קוואַלט אַרויס, און גראָזען רייסען זיך צו די טענענבוימער, און די גאַנצע וועלט קייקעלט זיך אונטער מיינע פיס. אַלע וועגען קומען אַנטקעגען, אַלע ווייטקייטען ווערען צו מיין אויג נעענטער. — און דער טאָג געהט אַוועק אונטער די בערג.

דער פאָטער מיט די קעמלען! דער פאָטער

מיט די קעמלען! איך זעה דאָך אַזוי ווייט! וואו איז ער?

האָב איך געוואָלט אַוועקלויפען צו מיין מו-טער און וויינען, פאַרוואָס ער קומט ניט. זעה איך צוויי בוימער, איינער נאָענט פון צווייטען, און צווי-שען זיי קומט אָן נאַכט, און אויבען טוט אַלע ווייַ-לע אַ פינקעל אַרוים אַ שטערען, און מיט איין אוי-גענבליק שטעהען אויסגעשטעלט אַלע שטערען אי-בער מיר, און איך זיץ אונטער איינעם פון די בוי-מער און דרעמעל.

פיהל איך: עפּעס פאַלט פון אויבען גלייך צו מיר אין מויל אַריין, און עס איז אַזוי זים, ווי דער נייער טייטעל פון זיין קערעל אַראָפּ. עס איך, און הער צו איבער מיר צוויי פייגעל רעדען:

— איך האָב איהם געבראַכט אַ בלאַט פון פוי-געל-בוים, און איצט וועט ער שוין קענען הערען, וואָס פויגעל רעדען.

— און איך קום איצט פון מיין וואַנדער פון איבער דעם ירדן אין זיין גאַנצער לענג. דרייצען טעג און דרייצען נעכט האָב איך געפאַסט, און זיך בלויז גענערט מיט אַ ביסעל וואַסער פון איין מאָרגען



דרעמעל איך און הער צוויי פייגעל רעדן איבער מיר...

ביז צום צווייטען; איך האָב געפּאַסט דערפאר וואָס מיט מיינע אויגען האָב איך געדאַרפט זעהן, ווי מיין נעסט ווערט צושטערט און ווי מיינע יונגע קינדער זענען געפאלען פון פייל. און איך האָב געשוואָרען ניט צו ברעכען מיין הונגער פון דער שפּייז פון דעם נעסט פון מיין ברודערפויגעל, און ניט פון דעם, וואָס מיין אויג וועט מיר ווייזען. און אויב דאָס אינגעלע וויל זיין גוט, זאָל ער מיר ברענגען זיין מאָרגען קוכען, וועל איך קענען ברעכען מיין פאַסטען, און וועל איהם דערנאָך דערצעהלען אַלע שענע געשיכטעס פון דער גאַנצער וועלט!

אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך זיך זעהר געפרייט: און זיין פּיין האָט מיר דערמאָנט אָן מיינעם. און איך האָב איהם געוואָלט העלפען, אַזוי ווי איך האָב געוואָלט, אימעצער זאָל מיר העלפען. האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פּאַס מאָרגען אין עק פון מזרח זייט, און די שטערען אין הימעל זענען, ווי די ליכט, אויסגעלאָשען געוואָרען. בין איך אַרויף אויף די וועגען און בין געלאָפען אַ היים, באַזעליגט פון גליק, ווי איך וואָלט מיין פאַרלאַנג מיטגעבראַכט. ביי איהר פענסטער איז שוין גע־

זעסען מיין מוטער; אַרום הויז האָט געלויערט דער נייער טאָג, און מיין מוטער, און דאָס הויז, און דער גאַנצער טאָג האָט אַ ציטער געטון, ווען איך בין נענטער צוגעקומען.

— דער פאָטער מיט די — ?

האָט מיין מוטער ניט געקענט ענדיגען.

— ניין, נאָך ניט — האָב איך איהר געענט־פערט — אָבער איך ווייס, וואו ער איז, ערגעץ ווייט! הויך איז ער און שטאָלץ, ווי אַ טענענ־בוים, און זיינע אויגען זענען ליכטיגע און גרויסע, און זיינע האָר זענען שוואַרץ, ווי די נאַכט פון וואַלד, און זיינע טריט זענען פעסט, און פול מיט לוסט און באַגעהר!

— וואו האָסטו איהם געזעהן?

— ערגעץ דאָרט נאָך דעם ווייטען וואַלד. און איצט ווייס איך שוין צו הערען די שפּראַך פון די פייגעל, און זיי וועלען מיר דערצעהלען, וואו מיין פאָ־טער איז!

דערנאָך האָב איך דערצעהלט, וואָס מיט מיר איז געשען. מיין מוטער האָט אויפגעשטראַלט,



— מיין מאָרגנע קוכען האָב איך דיר געבראַכט...

ווי אַ נייע זון, און זי האָט מיר געגעבען מיין קוכען מיט האָניג און נאָך איינעם, איך זאָל אַוועקטראָגען דעם פויגעל אין וואַלד.

איך האָב פאַרגעסען מיין הונגער און מיט ביי-דע קוכענס געלאָפען צוריק אויף מיינע טריט, ביז איך בין געקומען צום פויגעל און גערופען:

— מיין מאָרגען קוכען האָב איך געבראַכט צו דיר צו ברעכען דיין פאַסטען, און דערנאָך וועסטו מיר דערצעהלען אַלע שענע געשיכטעס פון דער גאַנ-צער וועלט!

ער האָט אַראָפּגענידערט צו מיר און געגעסען פון מיין רעכטער האַנד, און איך האָב געגעסען פון מיין לינקער, און פון מיין אויג איז געפאַלען אַ טרער און געגלאַנצט נעבען אונז אין די שטראַלען פון דער שטילער וויכער זון.

זאָגט דער פויגעל:

— וואָס איז דען שווער אויף דיין קליין יונג האַרץ? פאַר וואָס דען האָב איך אויסגעשוועבט זיבען מאָל אין מיין לעבען פון איין עק הימעל ביז צום צווייטען, אויב ניט צו וויסען, ווי דיין פיין צו לינדערען?

זאָג איך מיט פרייד און מיט האָפנונג:

— יאָ, מיין ליעבער פויגעל, דו ווייסט! מיין פאָטער מיט די קעמלען. זיין נאָמען איז צפניה, און ער איז העכער און שטאָלצער פון דעם טענענ־בוים, און זיינע אויגען זענען גרעסער און ליכטיגער פון דער זון, און זיינע האָר זענען שוואַרצער פון דער נאַכט אין דעם וואַלד, און ער איז אַוועק אַזוי לאַנג, און איך ווייס ניט, וואו ער איז!

דערנאָך האָב איך געוויינט, און דער פויגעל האָט מיט זיין ווייך וואַרם קעפעל מיר אויסגעווישט די אויגען און געטרייסט:

— אַ סך, א סך סודות טראָגען די פייגעל אין זייערע פליגעל, און נאָך מער סודות טראָגט די וועלט אין איהר שויס, און די וועלט איז אַזוי גרויס, און אַפילו שלמה המלך ווייסט ניט אַלע סודות פון דער וועלט! אָבער נאָך דעם, אַז די זון וועט אַרויס־קומען אין מיטען פון וואַלד, דעמאָלט דאַרף אויך אָנקומען אונזער קעניג אָדלער, און ער דאַרף אַ סך וויסען, וועלען מיר איהם בעטען זיין הילף.

דערווייל וועל איך דיר דערצעהלען פון דעם זינג פויגעל צוויצי מיט זיינע האַלבע געזאַנגען: —



פלעגען מיר שטענדיג הערען פון ווייטען זיינע זיסע געזאנגען...

## צוויצי מיט זיינע געזאַנגען.

אַמאָל האָט געוואוינט אין דעם וואַלד אַ זינג-פויגעלע מיט דעם נאָמען צוויצי. פלעגען מיר שטענדיג הערען פון ווייטען זיינע זיסע געזאַנגען, וואָס האָבען פאַרשטעלט דעם טאָג מיט זייער לוי-טערקייט און פאַרשלונגען די נאַכט מיט זייער ווייט-קייט. איז ווי ער פלעגט קומען אין מיטען פון זיין געזאַנג, האָט מען געהערט, ווי די צווייטע העלפט פאַלט אַרונטער, ווי עס פאַלט דער בוים פון זעג. און מיר האָבען זיך געבעטען ביי איהם:

— ליעבער צוויצי, וואָרים פאַלט דען ביי דיר אַלע מאָל אַראָפּ די צווייטע האַלב פון דיין זיס גע-זאַנג?

אָבער ער האָט ניט געענטפערט.

איינמאָל, ווען די זון האָט גענידערט רויט אָנ-געברענט, ווי צונטער, צום מעריב ים, און ער איז אויפגעשטאַנען צו זיין נאַכט געזאַנג, האָבען מיר

דריי, איך און נאָך צוויי ברידער פייגעל, פלוצלונג אויפגעהערט צו זעהן. עס איז אַרום אונז געוואָרען אַזוי, אַז מיר האָבען ניט געוואוסט, צי מיר זענען אין אונזער וואַלד, צי מיר שוועבען איבער ים׳ען, אונטער זון אָדער אונטער שטערען, און אַרום איז געלעגען פאַרשפרייט נאַכט, און ער האָט אָפּגעבראָכען די צווייטע האַלב פון זיין געזאַנג, און ער האָט געזאָגט:

— צוויצי געהט שטאַרבען, און זיין צווייטע האַלב געזאַנג וועט נאָך איהם בלייבען אין וואַלד ניט קיין געזונגענע, ווייל ער האָט פאַרגעסען די טובה פון אַ גוט האַרץ און פאַרקויפט זיין צוזאָג פאַר אַ קליין זינגפויגעלס פאַרגעניגען. און אַזוי האָט ער דערצעהלט: —

# צוויצי און דער שפּאַרבער.

צוויצי איז געווען דער שענסטער פון די פויגעל אין זיין שטייג; זיין שפּרונג לייכטער פון אַלע זיינע געזעלען, און זיין געזאַנג שאַרפער און ווייטער פון אַלע זייערע צוועלף געזאַנגען. און דער קנעכט אין הויז האָט איהם דערלאַנגט פון די גרעסטע קערנער, און זיין וואַסער געטראַנק איז געווען, ווי דער קלאָרער גלאַנץ פון דעם ערשטען מאָרגענשטראַל.

האָט איינמאָל געזאָגט דער קנעכט צו איהם:

— ווייל דו ביזט דער שענסטער פון אַלע אין שטייג, דערפאַר מוזטו אויך זיין דער בעסטער און קליגסטער. אויב דו וועסט מיר וועלען צוזאָגען אַוועקצוטראָגען דאָס קליין צעטעלע, וואוהין איך וועל דיר שיקען, וועסטו אַרויס פון דער שטייג און ווערען פריי!

צוויצי'ס פליגעל האָבען אַ פּאַך געטון פאַר פריידע, און ער האָט געענטפערט:

— ווי אַ פייל פון בויגען וועל איך פליהען, און ניט רוהען, און ניט מיד ווערען, ווי לאַנג דער וועג זאָל ניט זיין, ביז איך וועל ברענגען דיין צעטעלע צו דיין פּלאַץ, און דיין נאָמען וועל איך בענשען ביז צום סוף פון מיינע טעג פאַר דיין גוטען צוטרוי צו מיר!

זיין צעטעלע האָט ער אָנגעבונדען צוויצי אויפ'ן האַלז, אויפגעשריבען וואוהין דאָס דאַרף צו געהן, און צוויצי איז באַלד געווען אויף דער פריי!

אַזוי הויך ביז די וואָלקען איז צוויצי אַרויף, און נעכט און טעג האָבען נעבען זיינע אויגען און פערביי זיין קאָפּ געצויגען. צוויצי זעהט ניט און ווייסט ניט קיין זאַך, נאָר זיין וועג, וואָס ער שניידט מיט זיין יונגען שאַרפען בליק.

הערט צוויצי אַ ווינד, וואָס יאָגט איהם אַזוי בייז, הערט צוויצי אַ קול, וואָס טראָגט זיך מיט'ן ווינד, פאַלט אַ שרעק אויף צוויצי אָן:

דער שפּאַרבער קומט! זיין האָר האָט

געשיקט דעם שפּאַרבער, ער זאָל איהם כאַפּען און צוריק אין שטייג ברענגען.

אָבער דעם שפּאַרבערס ווערטער זענען זיס, און זיין קול איז ווייך, ווי דאָס קול פון א יונגער טויב: — אויך איך בין פריי, און וועל דיין בעסטער חבר זיין. צוויצי איז שען, צוויצי איז ליעב, אויך דער שפּאַרבער האָט איהם ליעב!

איז גוט געוועזן צו הערען אַזוינע טייערע רייד. און צוויצי האָט זיך פאַרטראַכט: אויך דעם שפּאַר־בערס האַרץ איז ניט פון שטיין! און צוויצי זעהט: אַ נאַכט פאַלט, אַ רעגען געהט. און שפּאַרבער זאָגט:

— לאָמיר אַרונטערנידערען צו אַ וואַלד, ליע־בער צוויצי, באַהאַלטען זיך פון רעגען און רוהען אין דער נאַכט; און פון צפון קומט אָן א שטורם־ווינד.

זאָגט צוויצי און ענטפערט:

— ניין, גוטער שפּאַרבער, איך קען ניט אָפּ־רוהען, וואָרים אויף מיין האַלז טראָג איך אַ צעטע־לע פון מיין באַפרייער, און איך דאַרף עס ברענגען צו זיין פלאַץ.

שפרייט אויס שפּאַרבער זיינע פליגעל און איז א שוין אויף צוויצי׳ס קאָפּ. — טריפט דער רעגען פרישע פרילינג טראָפּען, און צוויצי בויגט זיין קעפּעל אַרונטער, ווייל ער וויל בעסער פיהלען, וואָס ער טראָגט אויף זיין האַלז.

דעמאָלט רירט שפּאַרבער אָן מיט די פוך־פּעדערען פון זיין וואַרם לייב צוויצי׳ס פייכטע אָפענע פליגעל, און ווייך זאָגט ער צו איהם:

—איך וועל ניט לאָזען דעם רעגען נעצען דיין קאָפּ, און דאָס צעטעלע קען נאָך פאַרוואַשט ווערען. מיר זעהען, דאָרט פון וויט קומט אַ וואַלד אונז אַנטקעגען. קום, ליעבער צוויצי, ביז וואַנען דער מאָרגען וועט שטילער מאַכען דעם רעגען מיט דעם קאַלטען ווינד, וועל איך דיר זינגען אַ לויב-געזאַנג, און דו וועסט איהם הערען און ליעב האָבען, ווייל דאָס איז דער שענסטער געזאַנג צווישען הימעל און ערד!

צוויצי האָט ליעב געזאַנג, און אַ לויב-געזאַנג איז דאָך נאָך שענער, און דער שענסטער געזאַנג צווישען הימעל און ערד איז געוועזן צו זיינע אויערען, ווי טויזענד וועלטען וואָלטען איהם טויב געמאַכט, און ער זעהט גאָרניט, און ער ווייסט גאָרניט, און

נאָך דעם געזאַנג האָט זיך איבערן וואַלד ביז דאָרט נאָך די וואָלקען געקייקעלט דער ווידער־קול, וואָס איז נאָך דעם טויטען געזאַנג געבליבען.

און שפּאַרבער איז אַנטלאָפען, און דאָס צע־טעלע אויף צוויצי'ס האַלז איז מעהר ניטאָ!

צוויצי געהט שוין ווייטער ניט אין זיין וועג, וואו ער האָט געוואָלט. דאָ אויף דעם בוים האָט ער זיין ערשטען מאָרגען־געזאַנג געזונגען; איז ער געוועזן אַזוי ביטער און אַזוי שאַרף, אַז אַלע פייגעל זענען געקומען און געקלאַפּט מיט זייערע פליגעל אין וואונדער:

— אַזוי שען, אַזוי שאַרף! אָבער, פאַר וואָס אַזוי ביטער צום נייעם מאָרגען?

צוויצי'ס לעבען וואָלט געבליבען פּוסט אָן דעם שווערען סוד, און צוויצי וויל נאָך זיין פעלער בע־סערען. אַזוי האָט צוויצי זיינע אַלע געזאַנגען אָפּ־געהאַקט אין האַלב, און קיינער האָט ניט געוואוסט.

האָב איך געזאָגט צום פויגעל:

— דער שפּאַרבער איז געווען אַ שלעכטער. וואָס האָט ער געקענט טון מיט'ן צעטעלע? און

איך וואָלט וועלען וויסען, וואָס ער האָט געקראָגען פאַר זיין שלעכטקייט.

דער פויגעל ענטפערט:

— מיר האָבען ניט געהערט פון איהם, און מיר ווייסען נאָך ניט זיינע טריט. אַזוי גיך ווי איך וועל עפּעס וויסען, וועל איך קומען און וועל דאָס דערצעהלען צו דיר.

איז די נייע זון געקומען נענטער צו דעם מי־טען פון וואַלד, און איך האָב זיך דערפיהלט אָנגע־לאָדען מיט דערוואַרטונגען.

און פויגעל האָט צו מיר געזאָגט:

— זעה ווי די זון האָט שוין באַלד געגרייכט אונזער צייט! און דער אָדלער ווייסט דאָך אַ סך!

זענען מיר אַוועק. און מיר זענען געקומען צום העכסטען און שענסטען בוים פון וואַלד. און פון אַלע וועגען האָבען זיך געצויגען לאַנגע לאַנגע שורות מיט פייגעל, און זייער פאָכען מיט די פליגעל האָט געשניטען די שטילקייט פון וואַלד.

אויף זיין נעסט אין דער הויך האָט זיך שטאָלץ אַרונטערגעלאָזען דער אָדלער. אויף די פליגעל

האָט ער געטראָגען זיין רויב, און ער איז פריהער אַריין צו זיינע קינדער.

דאָרט האָט ער אָפּגעשאָקעלט דעם שטויב פון זיינע פליגעל, געניִדערט צו אונז און גערופען:

— די, וואָס דאַרפען מיין הילף, זאָלען קומען ערשט!

מירביידע זענען צוגעגאַנגען, און מיין פויגעל האָט דערצעהלט דעם אָדלער אַלץ, וואָס ער ווייסט פון מיר, און וואָס איך פאַרלאַנג.

הויבט דער אָדלער אויף זיין קאָפּ, און לאַכט צו מיר גוט:

— מער ווילסטו גאָרניט, גוטער אינגעלע? דער אָדלער ווייסט מער פון אַנדערע פייגעל, און ער קען דיר מערער געבען.

איך זאָג צו איהם גליקליך:

— ווייסט דער אָדלער, וואו מיין פאָטער איז מיט די קעמלען? און ווייסט אויך דער אָדלער, וואו שפּאַרבער איז, וואָס האָט צוגעכאַפּט דאָס צע־טעלע, וואָס צוויצי האָט געטראָגען אויפ׳ן האַלז?

דאָ הויבט זיך אויף דער אָדלער אין זיין נעסט אַריין און קומט צוריק אַרונטער, און צווישען זיינע

ציין ליגט שפּאַרבער האַלב פּאַרצוקט. ווערט אַ פּאַטשעריי פון אַלע פליגעל פון די פייגעל; מאַכען זיי אַ האַלבע ראָד אַרום אונז מיט דעם אָדלער, און דער אָדלער דערצעהלט: —



# דער אָדלער, די טירקעל-טויב און דער שפּאַרבער.

די טירקעל-טויב האָט געבאָרען איהרע צוויי יונגע טויבען, אַלט איין טאָג, ביי די ברעגען פון ירדן. האָט זי געהאַט גרויס נחת, האָט זי געקלאַפּט מיט איהר שנאָבעל אין זאַמד אַ לויב צו די וואַסערען פון ירדן. און דער אָדלער איז געשטאַנען אויפ'ן צווייטען זייט, אַרויסקומענדיג פון יריחו. פּלוצלונג פאַלט אַראָפּ דער רויב-פויגעל, דער שפּאַרבער, און וויל פאַרצוקען די מוטער און אויך די קינדער. דעמאָלט שפּרייט אויס דער אָדלער בייז די פליגעל, און מיט איין שוועב ברענגט ער זיין הילף און זיין גרימצאָרן, און שפּאַרבער פילט שוין גוט דעם טעם פון אָדלערס שאַרפע נעגעל, און ער הערט:

— דו ביזט ווערט, דער אָדלער זאָל דיר איינשלינגען ווי עס שלינגט דער ירדן איין דעם שטיין, אָדער אין שטיקלאַך אויפ'ן פעלז צושמעטערען, ווי

עס ווערט דער דונער, פּאַלענדיג אין גרויסען וואַלד. דו ביזט די שאַנד פון אַלע פייגעל, און איך וועל דיר פאַרטיליגען!

שפּאַרבער בעט זיך:

— זאָל דער אָדלער אַביסעלע אָפּלאָזען דעם שאַרף פון מיין האַלז. שפּאַרבער וועט איהם געבען אַנ׳אוצר וואָס ער טראָגט אונטער זיינע פליגעל, און דער ליעבער צוויצי וואָלט אוועקגעגעבען אַלע זיינע פעדערען פאַר דעם!

דערהערט אַזוינס, לאָזט דער אָדלער אָפּ אַבי-סעלע, און שפּאַרבער גיט איהם אַ קליין בריוועלע.

האָבען געציטערט אין גרימצאָרן דעם אָד-לערס פליגעל, און ער האָט געזאָגט:

— צוויצי איז שוין ניטאָ, און אויך דו וועסט באַלד ניט זיין!

אויף גיך האָט אָדלער געוואָלט פאַרצוקען שפּאַרבער׳ס שלעכטע בייזע אויגען, ווי עס טוט דער הונגעריגער וואָלף מיט דעם עלענדען שעפּעלע, אָבער צוויצי מיט זיינע האַלבע געזאַנגען איז געשטאַנען, ווי אַ חלום, איבער דעם אָדלער, און מער ווי האַלב איז שפּאַרבער ניט פאַרצוקט געוואָרען.

אַזוי ענדיגט אָדלער די געשיכטע פון שפּאַר־בער, און איצט וועט ער אייך ווייזען דאָס בריוועלע.

אָדלער האָט זיך אויפגעהויבען, און אַלע האָבען געזעהן דאָס צעטעלע. און אָדלער האָט געלייענט:

"דאָס שרייבט צפניה, דער זון פון

„יואב, פון צידון —

אַז איך האָב דאָס געהערט, בין איך געפאַלען אויף מיין פויגעל און געשריען:

— דאָס איז מיין צפניה! מיין פאָטער מיט די קעמלען!

אָבער דער אָדלער האָט געלייענט ווייטער, און איך האָב קוים געקענט הערען, וואָרים אין מיי־נע אויערען האָבען געקלונגען די קולות פון מחנות קעמלען, וואָס קומען ערגעץ, און איך זעה זיי ניט.

און דער אָדלער האָט ווייטער געלייענט: —

„איך מיט מיין מחנה קעמלען זענען

„געפאַנגען געוואָרען פון די כושים, און זיי

„האָבען מיך פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט קיין

„חרן. פון מזרח קומען די טעג און פון

„מעריב די נעכט, און פיר פרילינגס און

„פיר ווינטערס זענען איבער מיין קאָפ

„אַוועק, און מיין וויינגאָרטען איז פון מיר
„ווייט, און מיין פרוי איז אַליין. ווען איך
„וועל קריגען פון מיין וויינגאָרטען אַ פריי-
„שע רויז, דעמאָלט וועל איך ווערען פריי.
„אַזוי האָב איך געזעהן אין מיין חלום די
„ערשטע נאַכט פון דעם נייעם פרילינג.
„דאָס געהט צו צפניה'ס וויינגאָרטען,
„צום ערשטען בייט פון די רויזען.״

ווען דער אָדלער האָט אָפּגעלייענט, איז צו-געטראָטען אַ מחנה מוטער-פויגלען און מיך אַרויפ-געזעצט מיט געזאַנג אויף די פליגעל פון אָדלער. מיין פויגעל און אַלע פייגעל האָבען געפּאַטשט צו מיר מיט די פליגעל, און באַלד בין איך מיט'ן אָדלער גע-ווען אין מיין וויינגאָרטען.

דער חידקל פון ווייטען איז געלאָפען זיין לויף, און מיין מוטער האָט געלייענט דאָס צעטעלע, און נים געגלויבט, וואָס זי לייענט. און זי האָט געזאָגט:

— די רויז האָט נאָך נים געעפענט איהרע בלעטער, און אָפּגעריסען פון איהר צווייג, וועלען באַלד די ריחות און קאָלירען אַוועקשטאַרבען. ווי אַזוי וועט דען קומען אַ פרישע רויז צו איהם?



און מיין מוטער האָט געזאָגט:

— די רויז האָט נאָך ניט געעפענט איהרע בלעטער...

ענטפּערט דער אָדלער און זאָגט:

— מיין אינגעלע און רויז קען איך אין איין האַלבען טאָג צום קעניג שלמה ברענגען, און ער מיט זיין חכמה קען דער רויז אַ לאַנג לעבען געבען.

אַזוי בין איך מיט'ן אָדלער, מיט דער רויז מיט'ן ביהן געקומען פון צידון צום קעניג שלמה.

פאַרוואונדערט האָט שלמה המלך זיך נאָכדעם פאַרטראַכט, אַז די וועלט איז גאָר גרעסער, ווי זי איז, און די סודות זענען נאָך גרעסער פאַר דער וועלט, און ער און זיין חכמה באַהאַלטען זיך אין איין גרויסען סוד, וואָס ער ווייסט ניט וואו איין און וואו אויס. און ער האָט געזאָגט צום אינגעלע:

— יע, איך וויים צו געבען לאַנג לעבען דיין רויז, אָבער דו, קליין אינגעלע, ווייסט מערער פאַר מיר, ווייל דיין גאַנצער באַגער וועט באַלד קומען, און מיינער וועט קיינמאָל ניט. שלמה המלך'ם באַגער איז צו גרוים פאַר די קליינע אויגען זיינע.

דערנאָך האָט שלמה המלך געזאָגט אַ שפּרוך צו די רויזענבלעטער, און אַ בריוועלע האָט ער גע־געבען דעם קליין אינגעלע בועז, און דער אָדלער

מיט'ן אינגעלע זענען אַוועק און געקומען וואו זיי האָבען געוואָלט. אויך צפניה איז צוריק געקומען צו זיין ווייגגאָרטען און צו זיין פרוי אין צדון. און די מעשה ענדיגט זיך און לאָזט זיך אויס!



## אַ געזאַנג:

אויפ'ן באַרג שטעהט אַ מיל,
מאָלט זי שטענדיג קאָרן מעל.
פאָרען פורען באַרג ארויף —
מיט קאָרן;
פאָרען פורען באַרג אַראָפּ —
מיט מעל.

נאָר שבת און יום טוב שטעהט שטיל
די מיל.
קומט אַ פויגעל פון וואַלד אַרויס,
עפענט די פליגעל און שפּרייט זיי אויס
איבער גאַנצען באַרג הויך און איבער דער גאַנצער
מיל גרויס,
און רופט, און שרייט אויס: —

מיין מיל! —
מיין מיל! —
מיין מיל! —
מיין מיל!

הערען דאָס אַלע פייגעל אין וואַלד,
די חברים און פריינד, יונג און אַלט.
יע, זיי ווייסען דעם פויגעל,
יע, זיי קענען איהם לאַנג.
גלויבען זיי איהם און גלויבען זיין וואָרט,
און ציהען אין שורות אין לאַנגע צו איהם,
און קומען, און שטעלען זיך אוים אַרום מיל,
און מאַכען אַ כאָר, און אַזוי זינגען זיי: —

זיין מיל! —
זיין מיל! —
זיין מיל! —
זיין מיל!

נידערט אַרונטער דעמאָלט דער פויגעל,
דער רייכער פויגעל, דער גוטער פויגעל,
און איז זי מכבד פון זיין ברייטער האַנד,
פון זיינע זיסע, בעסטע, טרוקענע קערנער.
בענשען זיי איהם און בענשען זיין מיל.
און פאַרברענגען, און שפּרינגען, און זינגען זיך
פרעליך,
ביז לאַנג נאָך דער נאַכט
און ווייט נאָך אין טאָג!

